הדסה רובין

# אין צוגווינט

## לידער

פאַרלאַג „ישׂראל-בוך"
תל-אביב, תשמ"א — 1981

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון קרן
תל־אביב לספרות ולאמנות און אליעזר
פּינעס־פאָנד פאַר ליטעראַטור און קולטור.

# הדסה רובין / אין צוגווינט

פאַרלאַג „ישׂראל־בוך" און הילפס־פאָנד פאַר יודיש־שאַפונג אין לאַנד

# HADASSA RUBIN / IN TZUGWINT

Poems

Israel-Book, Publishing-House, Tel-Aviv, P.O.B. 1777



דפוס „אורלי", ת"א

*

אין זכות פונעם גרעזל,
וואָס איז אַ צעטראָטנס
געלעגן אויף שטיין,
און איך האָב אים וואָסער געגעבן
און שאָטן,
אַ ווינקעלע היים, —

אין זכות פונעם זונפלעק,
וואָס האָט זיך געריסן
דורך נעפּלען
צו פאַלן אין שטויב,
און איך האָב געדענקט
נישט צו טרעטן מיט פיס אים,
פאַרשעמט, און זײַן שליחות געגלויבט, —

אין זכות פונעם שמייכל,
וואָס איז הענגען געבליבן
אויף שטעכיקע דראָטן,
צעווישן געוויין,
און איך האָב געבראַכט אים
אויף טרוקענע ליפּן
צו שוועל פון אַ היים, —

אין זכות פונעם פונק,
וואָס טליִעט, ווען שטערן
פון חושך דערשראָקענע לעשן זיך אויס —
זאָל ווערן פאַרנומען
איין טרער פון די טרערן,
וואָס גיסן פון אויג זיך נישט אויס.

*

וווּהין גייסטו, מײַן מיידל,
מיט ווײַסן ווינט אין די האָר?
באָרוועסרהייט,
וווּהין גייסטו?
דײַנע אויגן איך זע נישט —
זייער ליכט בלויז איך זע.
דאָס ליכט וועט דיר קלעקן,
ווי מיינסטו?

איז מילכוועג דאָך פול מיט געפּאַר,
ווי די ערד,
כאָטש פינצטערניש דאָרטן
האָט אַנדערע פאַרבן.
די בלויקייט פון נאָענט —
אָנוואָגיק און שווער.
בײַ אַ שטערן מען קאָן זיך פאַרטשעפּען
און פאַלן.

בלײַב.
רײַס אים איבער, דעם פאָדעם, וואָס בינדט
דײַן בליק
צו די גלאַנציק-פאַרגליווערטע ווײַטן.
געהערסט צו דער ערד.
צו איר פרומקייט און זינד.

אָן דיר — ווי אַזוי וועל איך בלײַבן?

★

עפּעס איז געשען מיט דעם הויז.
עפּעס איז געשען זײַנע שוועלן.
ווי בלינדע זעען אויס
די פענצטער, פאַרמאַכטע אויף עלנט.

זי איז אַרויס מיט פּאַמעלעכע טריט —
אַזעלכע קערן נישט אום זיך.
וואָס לאָזט זי איבער?
וואָס נעמט זי מיט?
האָבן זיי אָרנטלעך צעטיילט זיך מיטן אומעט?

היימישע ריחות גייען איר נאָך,
ווי גײַסטער, מלאכימלעך קליינע.
וועלן זיי טרעפן צוריק דערנאָך,
אָדער בלײַבן היימלאָזע, קיינעמס?

מיט זשאַווער לייגט זיך די זון אויפן דאַך.
אַנדערש, נישט אַזוי ווי נעכטן.

האָט דאָ קיין מאָל קיין קינד נישט געלאַכט?
איז פון צווישן ווענט אַנטלאָפן דער עכאָ?

*

ווי אַזוי זאָל איך זען דײַנע הענט,
אַז נישט דורכזיכטיק מער איז די לופט.
דײַן קול שלאָגט זיך אָפּ, ווי פון ווענט —
ווער ווייסט, צי דו שילסט,
צי די רופסט. —

געדיכט איז פון שאָטן די לופט.
געדיכט און נישט דורכזיכטיק מער.

איך טרעף קוים צום אייגענעם גוף,
איך טרעף נישט צו אייגענער טרער.

## עוואַ

דער ווינט איז בלוי,
ווען דײַנע אויגן זענען בלוי.
מיט גרינקייט פון דײַן בליק
איז צווײַג באַגאָסן.
אַזוי פיל הימלען הענגען איבער מיר
ווי פיל דו האָסט אין אויג פאַרשלאָסן,

איך גיי דיר נאָך —
געשטאַלט אָן פלייש און ביין.
באַוואָרענען איך וויל
דײַן קאָפּ פון פלאַמען.
זאָל נאָר פאַר דײַנע טריט
נישט פאַלן, ווי אַ שטיין,
דער וואַקלדיקער שאָטן פון דײַן מאַמע.

*

האָסט מיר צוגעזאָגט אַ סטעזשקע,
אויסגעלייגט מיט ווײַסן שטיין.
ברייטע טרעפּ, וואָס וועלן פירן
צו אַ הויז מיט ווײַסע טירן,
און דאָס הויז וועט זײַן מײַן היים.
און דאָס הויז וועט אויף אַ בערגל
צווישן גרינע שאָטנס שטיין.

האָב דערפאַר נישט קיין פּאַראיבל,
ווען דו טרעפסט מיך פּלוצעם שטיין
אַ פאַרטראַכטע לעם אַ סטעזשקע,
אויסגעלייגט מיט ווײַסן שטיין.

## מײַן מאַמע

מײַן מאַמע האָט קיין שפּילצײַג מיר קיין מאָל נישט געקויפט,
נאָר דאָס טעבטערל מײַנס איז סײַ ווי געווען געקליידט אין סאַמעט
און אין קרעלן.
איר ווינעלע — אַ ווינקל, באַהאַלטן אין עק הויף,
האָט טרײַ באַוואַכט אַ געלע קאַץ —
מײַן שותּפטע צום רעפּטל ברויט אין טעלער.
נאָר עפּענען די אויגן האָט די קליינע נישט געקאָנט,
אַזוי ווי ליאַלקעס אַנדערע,
האָבן מיר זיך אויסגעלערנט ביידע,
מיט פאַרמאַכטע אויגן צו וואַנדערן.

מײַן מאַמע האָט קיין קינדער־מעשהלעך מיר נישט דערציילט,
זענען דערוואַקסענע געווען די שדים און מלאָכים.
זיי פלעגן קומען צו מײַנע חלומות מיט דערוואַקסענע רייד,
זענען זיך פון שרעק אַלע חלומות צעלאָפן.
טרעפט דעריבער, אַז איך הער, איך אַליין נאָר,
אין אַ פאַרנאַכטיקער, גוטער שעה,
ווי סע רופט מיך בײַם נאָמען אַ קיינער,
עמעצער, וואָס איז נישטאָ.

★

ווי איבער שבת-ליכט
הייב איך אויף די הענט
און בענטש
די ליכטעלעך
אין ווײַטע שויבן,
אָנתּפילהדיק,
מיט אויפגעדעקטע אויגן.

סע טוט זיך אָפּ פון מיר
אַ לאַסט,
מײַן הויט ווערט דורכזיכטיקער,
דינער.
מיר דאַכט זיך, אַז איך בין
בײַ זיך אַליין צו גאַסט —
ווען האָב צום לעצטן מאָל
געפילט אַזאַ מין גרינגקייט?

זאָל נאָר נישט ווערן מיר פאַרשטערט
דער נס פון רויִק-מילדער רגע,
ווען אונטער פיס איך פיל די ערד,
און ווײַטע ליכטלעך
קומען מיר אַנטקעגן.

*

ווי דין זי איז, די גרענעץ —
צווישן מיר און דיר.
געשטאַלטלאָז,
דאַכט זיך, בלויז באַריר,
בלויז אַנדערשקייט,
אַ קוים באַזינטע.
און ס'טוט מיר באַנג,
און אפשר נישט —
זי וועט נישט ווערן אָפּגעווישט
די גרענעץ, קיין מאָל.

## צו מײַן טאָכטער

דער ווינט איז אַראָפּ פון די בערג
צו דעם טאָל.
אויף יענער זײַט ראַנד
האַלט די זון זיך אין לעשן.
אין ווײַנגערטנער קלינגט
מיט געקלאַנג פון קרישטאָל —
זינט דורות דעם קלאַנג נישט געהערט,
און פאַרגעסן.

אויף ביימער פאַלט רעגן פון אײַזערנער רער
און טרינקט אָן מיט פײַכטקייט
דעם טרוקענעם הימל.
מיר זענען פון ווײַטן געקומען אַהער
און נישט מיט קיין וויאָרסטן
זיך מעסט אַזאַ קומען.

ווי זיכער דו שפּאַנסט
דורכן שטעגל, וואָס שמאָל
לויפט צווישן גליטשיקע,
שטיינערנע בערגלעך.
איך זע אין דײַן אויג דעם פאַרנאַכטיקן טאָל,
און ליכטעלעך זע איך,
וואָס קומען פון ערגעץ.

אַ פויגל פליט אַרויס פון געבלעטער,
דו זעסט ?
שטרעק אויס דײַנע הענט צום פאַרפּישופּטן פויגל.
אין שכנות מיט אים וועסטו בויען דײַן נעסט,
און איך אין דעם טאָל,
וואָס פּילט אויס דײַנע אויגן.

1962

## פרעמד

ווער האָט דיך דערפירט
צו דער שעה פון טעמפּן ווינקל,
צו שטאַמלענדיקע רייד
און פּאַרזיכטיקן גאַנג ?
ווער האָט אויפגעצוווּנגען אויפן שׂר פון זינגען
די קאַלטע וואָגשאָל פון געדאַנק ?

דו וועסט מיט פליגל צוגעבונדענע
נישט קאָנען ווידער
אַ הייב טאָן זיך,
און אויסמײַדן די ערד.
ווער ווייסט עס בעסער פון די לידער,
וואָס בלאָנקען זיך אַרום,
נישט-קיינעמדיקע,
פרעמד.

*

געבויגענע פלייצעס,
באַליידיקטע אַקסלען,
אויגן, וואָס האָבן דעם שמייכל פאַרלוירן,
מיט זיי בין איך געווען,
צווישן זיי בין איך געוואַקסן,
זיי האָבן מײַן קינדערשע שבועה געשוווירן;
אַז בעסער וועט זײַן,
אַז שענער וועט ווערן —
דאָס האָב געוווּסט פון מײַן חלום
אויף זיכער.
אומזיסט וועט מען טיילן סײַ ברויט
און סײַ שטערן,
און זײַן וועט אין שויבן פאַרלאָשענע
ליכטיק.

איך פיל זיי לעבן מיר.
זיי רינגלען אַרום מיך,
היטן די טריט מײַנע, יעדן באַזונדער.
כאָטש זאַט איז מײַן טיש,
זאָל געדענקען דער גומען
דעם ביטערן טעם פון הונגער.

## מײַן ליד

אָט ביסטו,
לעבן מיר —
ממש אונטער דער האַנט.
וואָכעדיק, —
פשוט,
טאָג-טעגלעך.
גייסט מיר נאָך,
אָדער איך,
אָדער איך גיי דיר נאָך
אויף ברייטע,
אויף שמאָלע וועגן.

אָט ביסטו אויס,
אָט אַנטלויף איך פון דיר
אין פחד,
ווי פון אַ שונא.
אַ פײַנד — יעדער שטיקל
ליידיק פּאַפּיר,
טאָמער טראָגט עס אין זיך
דײַנע סודות.

*

ווען סע קאַפּעט אַרײַן
אין שיסעלע פון אויג
געזאַלצענער טוי,
זאָגן מענטשן: געוויין.

ווען דער טוי בלײַבט אין אויג
און גיסט זיך נישט אויס,
זאָגן זיי: דאָס האַרץ איז פאַרשטיינט.

ווען דאָס אויג פאַרבלײַבט טרוקן
און געזאַלצן דאָס וואָרט,
זאָגן מענטשן: אַלץ אין אים וויינט.

★

פֿאַרלעש די פֿינצטערניש,
צינד אָן די שײַן —
בעט זיך בײַ מיר דאָס פּיצל.
זוך איך אַרום דעם חושך-לעשער,
זוך איך אים אַרום.

ווי אַזוי וועל איך קומען
צום פֿיבערדיקן קינד
מיט פֿינצטערע ליפּן ?

## אין ציטער

דערצייל איר נישט,
דערצייל איר נישט,
אַז זי איז פון איר וואָרצל אָפּגעשניטן.
אַז נישט קיין אָוונטווינט
האָט די לופט אַרום צעמישט,
אַז דאָס וויגן זיך אַזוי די בלעטעלעך אין ציטער.

דערצייל איר נישט,
אַז יעדער שטראַל איז איצט
פֿאַרסמטע פײַל פֿאַר גרינקייט אירער.
אַז מיט איר בליץ
וועט זי פֿאַרברענען לעצטע ריחות און קאָלירן.

## צו אַ געטאָ־דענקמאָל

גייט אַרויס פֿונעם שטיין,
שפּאַנט אַריבער די בלומיקע קרענץ
מיט די סטענגעס.
פֿאַרלאָזט די שטאָט,
פֿאַרלאָזט דאָס אָרט.
ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען
אויף שפּיזן פֿון פֿאַרסמטן וואָרט.

מאָרגן קאָן דולקייט באַצווינגען,
באַפֿאַלן אײַך פּרעך און פֿרום,
איר זאָלט מיט די אייגענע,
שטיינערנע פֿינגער
צילן אין ברודער און זון.

מאָרגן קאָן דולקייט געזאַלבטע
פֿאַרלירן די גרענעץ פֿון שאַנד
און הייסן אײַך נאָך אַ מאָל שטאַרבן,
ווײַל איר זענט געפֿאַר פֿאַר זײַן לאַנד.

זעגנט אָפּ די פֿאַרזעטיקטע ערד
מיטן בלוט פֿון די קדושים —
ווער ווייסט,
וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען
פֿאַר זייער געביין.

דאָ וועלן אַנדערש איבער אײַך די ווינטן רוישן,
דאָ וועט זיך עפֿענען דער קוואַל,
וואָס ריזלט, אַ פֿאַרשלאָסענער,
אין אייער שטיין.

1968

## שטערן

ווען דער קאָליר פון יענעם שטערן גיסט זיך אויס,
און זונגאָלד, אָדער בלויקייט סתּם,
סתּם לויטערקייט
באַפאַרבט די פינף עקן,
וואָלט שאָטן זײַנער
אפשר נישט געפאַלן
אַזוי אומגעלומפּערט-גרויס,
וואָלט אפשר אויפגעהערט צו שרעקן.

אַזוי פיל רויטס.
אַזוי פיל בלוטקאָליר
אין הענט, באַוואַקסענע מיט מאַכט,
מיט כּוח גיריקן,
מיט אימפּעט.
אָט באַלד וועט זיך פון שרעק
פאַר שטערן רויטע
טויער צומאַכן און טיר,
און ס׳וועלן זיך צעוויינען קליינע קינדער.

איך האָב אַ מאָל
אַ שטערנדל געבאָוועט אין מײַן ברוסט,
געגנערט דאָס ליכטעלע
מיט גאָלד פון מאָרגנדיקע זאַנגען.
איצט שרעקט ער מיך, אַ פּעט געוואָרענער,
פון פּראַגער ברוק,
דער רויטער שטערן אויף די הימלען שטאָלענע
פון טאַנקען.

1968

## בלאָנדהאָריקער חלום

א

די ליליעס פון דײַנע הענט
אויף לייטערלעך פון שטראַלן.
זיי זענען אויף דער שאַרף
פון זייער געלעכטער געפאַלן.

אייגעלעך מײַנע,
קאָרנבלימעלעך צוויי.
זיי האָבן אונטערגעצונדן דאָס קאָרן
ווינד איז מיר און וויי.

ב

די מאַמע
האָט מיט אייגענער האַנט
דעם קאָפּ דיר אָפּגעגאָלט,
דאָס גאָלד פון דײַנע האָר
זאָל נישט רייצן זייערע אויגן.
מיט אייגענער האַנט.
דער שפּיגל האָט אויסגעשריגן : געוואַלד.
דער שפּיגל.
מער האָט קיינער נישט געשריגן.

איך זוך דײַן גאָלד בײַ בלאָנדער כמאַרע,
בײַ זון, וואָס גייט אויף און פאַרגייט.
יעדער הויפן ליכט צעשאַר איך
מיט בלוטיקע אויגן און זוך.

ג

אויב איך וועל פּרוּוון פאַרגעסן
אונטער ווייכע תכריכים פון רו,
זאָל דײַן שרעק אין מיר טרעפן
און בלײַבן שטעקן אין ברוסט
דײַן שרעק.

ד

גיי אַרײַן אין בלאָנדהאָריקן חלום,
רײַס אים אַראָפּ פון געלעגער,
שלעפּ מיט פאַרשׂרפעטע הענט
איבער דײַנע רויכיקע וועגן.

מעק אויס ביזן סוף זײַן רו,
לאָז קיין שמייכל נישט איבער,
באַפעל אים צו טאַנצן דײַן טאַנץ
אויפן ראַנד פון אָפענע גריבער.

גיי נישט אַרויס פונעם חלום,
ברעך זײַנע זילבערנע פליגל,
ביז וואַנען ער וועט נישט טאָן קיין געשריי,
אַזוי ווי דו האָסט געשריגן.

✶

איך פֿאַרבעט דיך, מומע ליפּשע, צו גאַסט,
נאָר איך ווייס נישט גענוי דײַן אַדרעס.
אַ גרוב, קוים פֿאַרדעקט, אין אַ פֿינצטערער גאַס,
אַ גרוב בײַ משוגע-געוואָרענעם בעז ?

איך פֿאַרבעט דיך צו מיר, מומע ליפּשע,
איך בענק.
איך בענק מיט אַ בענקען אַזאַ, וואָס געדענקט.
אַזאַ, וואָס ברענט אויס אין די אויגן אַ טרער.
איך פֿאַרנייג זיך פֿאַר דיר,
און פֿאַרבעט דיר אַהער
צו טיילן מיט מיר, ווען ס׳וועט זײַן מיר באַשערט,
מײַן לעצט געלעגער אין הייליקער ערד.

✶

וואָס זוכסטו דאָרט,
אין דײַטשן-לאַנד,
וואָס זוכסטו ?
דער נומער אויף דײַן אָרעם וואַרט —
נאָך נישט געמאַכט דעם לעצטן חשבון.
דו שרײַסט נאָך אַלץ פון שלאָף
און וויינסט,
מאָרגן —
טויב צו אייגענעם געשריי.

נאָר איידער גייסט אַהין,
נאָר איידער גייסט אַהין,
קוק איבער די מזוזה אויף דײַן טיר.

נאָר איידער גייסט אַהין
מעק אויס אין אַלע ווינקלען פון זכרון
די,
וואָס שרײַען נישט פון שלאָף.
זיי
נעם נישט מיט מיט זיך. אַהין.

*

פון פינצטערע ווינקלען
קומען מיר אַנטקעגן
פינצטערע נשמות
און בעטן רחמים.
איך ווייס: גרויס איז זייער פּיַין.

ברודער, זאָג איך,
שוועסטער, שטאַמל איך,
ווען יעדער וואָרט צו זיי
שווידערט-אויף מיַין געביין.

טיפע פינצטערניש
האָט פארפלייצט זייערע מוחות;
ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן,
איז געווען צו שפּעט.

ברודער, זאָג איך,
שוועסטער, שטאַמל איך,
זיי קאָנען נישט דערטראָגן
די לאַסט פון זייערע זינד.
נישט געקאָנט דערטראָגן
דעם עול פון בחירה,
די צווייזקייט אין דעם איינעם
האָט פאַר זיי געעפנט דעם תּהום.

ברודער, זאָג איך,
שוועסטער, מורמל איך,
דער גן-עדן פון תּשובה-טאָן
איז אויך פאַר מיר פאַרמאַכט.

## צו ר. פון כנרת

ווי מאַכט מען,
אַז דער נעפּל איבער דײַנע אויגן
זאָל צערינען,
פון קלעם באַפרײַען זייער ליכט,
סע זאָל צו דיר
אַ סטעזשקעלע געפינען,
אַ שמייכל טאָן —
אַ שמייכל טאָן צו זיך.

פאַרשטייסט אַזוי
די גרינע רייד פון צווײַגן,
דו קאָנסט אַזוי צום פרעמדן
אויסשטרעקן אַ וואָרט.
נאָר דו אַליין, דו ברענסט,
פאַרפּאַנצערטע אין שווײַגן,
און לאָזסט נישט צו אַ טראָפּן
זאָל לינדערן דעם דאָרשט.

איך וואָלט דײַן האַנט
פאַרמאַכט אין מײַנע דלאָניעס,
דערציילט אַ מעשה וועגן שיפן אין דער הייך,
און וועגן שטערן כ׳וואָלט דערציילט,
וואָס בענקען נאָך לבנות,
נאָר מײַנע הענט, זיי זענען מער נישט ווייך.

## אַ שאָס

ווער האָט דײַן האַנט דערפֿירט
צום צינגל פֿון דער ביקס,
זי זאָל צו טאַטע־מאַמע אויסלאָזן דאָס פֿײַער ?
ווער האָט דיך מיט מאָרגנטאָג אַזוי צעקריגט,
זאָלסט מיט אַ שאָס זײַן קלאַנג פֿאַרשרײַען ?

האָסט אונטער פֿיס געהאַט דאָך אײגנערד,
און איבער זיך —
אַ גוט באַקאַנטן הימל.
האָט אַלץ פֿאַרלוירן פּלוצעם וואָג און ווערט ?
פֿון אַלע וועגן, איז דער אײנער וועג פֿאַרבליבן ?

און נישט געוועזן דאָס אויג,
וואָס זאָל די נאַכט דערזען אין בליק,
אַ לעצטן טראָפּן גאַל פֿאַרשפּאָרן.
און נישט דאָס וואָרט,
וואָס רופֿן זאָל פֿון נאַכט אַרויס צוריק.

איך האָב אַ קינד, כּמעט אין דײַנע יאָרן.

שוין מאָרגן וועט אין כאַקי־צײַג
זיך אײַנהילן איר גוף, איר שלאַנקער,
און אין דעם בײַטל בײַ דער זײַט —
די שטאָלצע מײדלשע געדאַנקען.

פֿון וואַנען זאָל איך נעמען רו ?
דײַן עלנט יאָגט מיך נאָך און וואָרנט.
איך קען פֿון פֿרעכן וואָרט די שמײַסנדיקע רוט.
איך האָב אַ קינד, כּמעט אין דײַנע יאָרן.

1965

*

פייגל וויינען נישט,
כאָטש זיי האָבן אויגן.
אַלע זייערע טרערן —
אויסגעזוונגען, אויסגעפלויגן.

אַז דער הימל איבער זייערע נעסטן
הענגט אַן אָפּענער, גרויסער.
בײַ טאָג און בײַ נאַכט און שטענדיק
איז קילעכדיק און גאַנץ זייער דרויסן.

אַ ברויזל זעטיקט דעם הונגער,
יעדעס ריטשקעלע — אַ זילבערנער ברונעם.
פֿאַלט סקאָסנע אַ שטראַל אין נעסט אַרײַן,
ווערט ער תּיכּף
אַ קלינגענדיקע סטרונע.

איז אָבער שווערלעך צו גלייבן,
און צו פֿאַרשטיין — נאָך שווערער:
ווי קאָן דאָס זײַן, אַז אויגן
זאָלן קיין מאָל נישט וויסן פֿון קיין טרערן ?...

✶

מיט הענט אויסגעשטרעקטע פֿאַר זיך,
ווי אַ בלינדע,
טאַפּ איך די לופֿט.
זיי זענען נאָך גאַנץ און זײַדן,
די ווינטן,
וואָס וויקלען אַרום מײַן גוף.

די ערד איז נאָך דאָ,
מיט האַנט צו דערלאַנגען,
נאָך נישט פֿאַרברענט.
זי וועט נאָך באַווײַזן,
מײַן שכנה אין שוואַנגער,
צו ברענגען איר קינד אויף דער וועלט.

איך וועל נאָך באַווײַזן,
כ׳וועל אפֿשר באַווײַזן
דערגיין ביז צום ראָג,
און פּרוּוון מיט פֿינגער צעשריגענע רײַסן
די בלויע שטילקייט פֿון גלאָק.

## ציווילע אַזעלכע

זיי גייען צו פוס
אין שטיוול אין שווערע,
באַוואַקסן מיט קויט,
מיט נאָר נישט פּאַרקילטן געשריי.
זיי גייען, די שמייכלען
ברייטוועגיק צעשוווּמענע,
געצוימטע און שעמעוודיק —
אַלערליי.

זיי גייען, די טרערן,
אין שטיוול אין שווערע,
שנירלעכווײַז, קײַלעכדיק,
שטילע און אײַליקע,
הייסע און קאַלטע ווי שניי.

אויסגעמישט גייען זיי —
שמייכלען און טרערן,
אָן צייכנס, אָן ראַנגעס,
אַלערדיק,
פֿאַרשמאַכט.
ציווילע אַזעלכע
מיט שטיול פֿאַרבלוטיקטע
אין נישט קיין געענדיקטער שלאַכט.

רײַס אַרויס פֿון דײַן לײַב
אַ טרער און אַ שמייכל,
ווי ברויט גיב זיי מיט
אויפֿן וועג אויפֿן לאַנגן
צו פוס וואָס זיי גייען
צו זייער גרויזאַמען גליק.

★

דורך זייערע אויסגעלאָשענע אויגן
זע איך די שײַן פון טאָג.
מיט לונגען זייערע געלעכערטע
אָטעם איך די ריחות פון פעלדער.
זייערע פאַרגליווערטע אָרעמס
האַלדזן אויף אייביק שטום-שווײַגעניש —
איך פיר מײַן אייניקל בײַ דער האַנט.

און אַלט זענען זיי געווען
נײַנצן-צוואַנציק יאָר.

*

די פרוי אין שוואַרצן —
איך האָב געוואָלט איר באַדאַנקען,
ווען איך האָב געזען זי
בלומען קויפן
אין אַזעלכע טעג.
דערנאָך האָב איך געזען,
אַז די פרוי, זי שוואַנגערט,
דערנאָך איז מיך באַפאַלן אַ שרעק.

איך האָב געוואָלט איר נאָכגיין,
אַרייַנקוקן אין פּנים —
מיט דעם בינטל בלומען
וווּהין גייט זי אַצינד?

מייַן גאָט,
האָב אויף איר,
האָב אויף אונדז רחמנות.
דעם נאָמען פון זייַן טאַטן
זאָל נישט טראָגן דאָס קינד.

*

ווי פעלדבלומען
קלײַבט מען זיי אויף
איבער מידברדיקע זאַמדן,
פון אונטער דיונעס אַרויס
און ווינטן.

זיי קומען נישט —
מען ברענגט זיי אַהיים,
צו אָפענער ערד,
די קינדער.

אַזאַ מין גאַנג. אַזאַ מין וועג.
אַזאַ צוריקגיין.
ס׳וועלן אונדז וועקן
דורך אַלע טעג
זייערע שטוינענדיקע בליקן.

*

אַזוי פיל תּפילות
גייען אַרום צווישן קברים —
הימלען האָבן זיי געפּסלט,
זענען זיי צוריקגעקומען
צו דער ערד,
אָקערשט געעפנטער.

גייען זיי אַרום, ווי בלינדע,
צווישן די אלעען-קברים.
יעדע תּפילה זוכט איר טויטן,
זיך צו לייגן ביַי זיַינע פיס.

נאָר די נעמען אין דערביַיִיקע
גערטנער-פעלדער גייען אום,
קליַיבן, ווי מען קליַיבט אויף קוויִיטן,
נעכטן ערשט אין ווינט צעזייטן
ווידערקול פון קלאַנג און שיַין.

נאָר ווען ס׳קומען אָן די מאַמעס,
אָ, די מאַמעס מיט צעבראָכענע הערצער,
צעלויפן זיך שטילגיך די תּפילות —
צווישן קרענץ זייער געלויף.

וויַיטער, וויַיטער פון די הימלען,
נידעריק, ביַי ערד ביַי סאַמער,
בלאָנקען זיי אַרום, ביז וואַנען
נאַכט גליַיכט הימל אויס מיט ערד.

ערשטער מאָרגנשטראַל געפינט זיי
ווידער יעדע לעם איר טויטן,
מיט איר סוד אַיעדע תּפילה,
וואָס איז פינצטערער פון נאַכט.

## דיך און דײַנע אויגן

דער בריוון-טרעגער
האָט געבראַכט פון אים אַ בריוו,
ווען ער איז שוין געלעגן אין גראָז —
אַן אַראָפּגעשאָסענער פויגל.
אין בריוו איז געשטאַנען:
איך האָב דיך ליב,
דיך און דײַנע אויגן.

ווי אַזוי דערטראָגן דעם הימל?
מיט אַ מאָל
איז דער הימל געוואָרן איבעריק.

פון די פרייליכע ליפּן
און פלאַקסענע האָר
איז נאָר דאָס בריוול געבליבן.

צו וועמען גיין
מיט דעם דאָזיקן בריוו,
מיט אויסגערונענעם קול און אויגן?

אין בריוו איז געשטאַנען:
איך האָב דיך ליב.
ווּ ביסטו, ווּ ביסטו, מײַן פויגל? —

## טרערן

זײַט מיר נישט קיין שׂירעם,
נישט קיין געדיכטער פֿאָרהאַנג,
וואָס זאָל פֿאַרשטעלן פֿאַר מײַן אויג
אַיענע זײַט,
אַן אַנדערשפּראַכיקע, צעקריגטע —
געזאַלצן איז אויך דאָרט אַ טרער.

זײַט מילדער צו מײַן אויג,
אַ שפּיז אַ שאַרפֿע זאָל מײַן בליק נישט ווערן,
אַ שפּיז,
וואָס מאָרגן וועט זי דורכשטעכן
מײַן האַרץ.

## אַ בריוו צו אַ פריינד

אין יענעם אינדערפרי,
אין ערשטן אינדערפרי
פון פײַער, בלוט
און פון פאַרגרייטע טרערן,
האָב איך ביימלעך צוויי פאַרזעצט
אין סעדל, ביַי מײַן הויז,
וואָס איז נאָך פיצל אַלץ,
וואָס וויל נישט גרעסער ווערן.

אין יענעם אינדערפרי
איז זאַמדיק־הייס געווען די ערד
און זאַט,
און אַלע מײַנע חושים — אָפענע פאַר פּחדים.
נאָך ס׳האָט מײַן האַנט
קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט,
און נישט קיין אַנדער וואָפן,
חוץ די וואָרצלען, דינע, ווי אַ פאָדעם.

איך האָב זיך אָנגעבויגן
נידעריקער, אפשר, ווי מען דאַרף,
אפשר צו לאַנג די ערד געדריבלט צווישן פינגער
נאָך אַ מאָל און ווידער,
ווען איבער אונדזער הויז
האָט עפעס שלעכטס געוווּיעט הייזעריק
און שאַרף —
נאָר קיינער פון די שכנים האָט זיך נישט געחידושט.

דיביימלעך צוויי ? —
— זיי פֿרוּוון שוין, ווי גרויסע, שאָקלען זיך אין ווינט,
די ביימלעך צוויי —
זיי זענען דווקא מיר געראָטן,
דאָס סעדל בלויז
איז ווי אַ גענעץ גרויס געבליבן ביז אַצינד —
פֿון ענגשאַפֿט פֿאַלט אויף יענער זײַט פֿון פּלויט
מײַן שאָטן.

## קינדער מײַנע

װי רײַסט מען אײַך אַרױס
פֿון אָט די שװאַרצע רעמלעך,
פֿון פּלוצעמדיקער, שװאַרצער שטײַג,
יונגע מײַנע,
צװאַנציקיעריקע נעמען,
לעבעדיקע שטיקער פֿון מײַן לײַב, —

װי רײַסט מען אײַך אַרױס
צום װידערפֿליִען,
פֿײגל מײַנע,
צום װידער־ריס אַנטקעגן װינט ?
דער הימל, ער איז אײַערער
פֿון אױפֿגאַנג ביז צו שקיעה,
און העכער איז ער איצט,
און ליכטיקער אַצינד.

און העכער איז ער איצט —
איר האָט דעם לעצטן אָטעם
אַרױסגעהױכט, אַרײַנגעבלױט אין אים,
און לעצטע פֿונקען שײַן פֿון אױג צעשאָטן,
אַז טאָג זאָל טאָגן מילד,
אַז גראָז זאָל גראָזן גרין.

װי רײַסט מען אײַך אַרױס
פֿון אָט די שװאַרצע רעמלעך,
קינדער מײַנע, מײַנע זין.

✶

איך בין היינט עלטער געוואָרן
מיט נאָך אַ פּאָר אויגן.
זיי האָבן געוואָרפן אויף מיר זייער שאָטן,
וואָס פירט זיי
אַזוי ווי דער שוואַרצער,
געלערנטער הונט.

די אויגן.
זיי זענען באַפּאַלן מיין פּנים מיט אומגליק,
איז שטעקן געבליבן מיין זעעוודיק קול מיר אין האַלדז.
טאָמער פרעג איך ביי זיך
און וואַרט אויף אַן ענטפער:
צי ווייס איך אויף זיכער,
אַז דאָס דאָזיקע קינד
מיט די צוואַנציק צעשויבערטע יאָר
האָט כּוח צו זיין אַ העלד
און צי וויל ער.

## זכרון־ביכעלער

העפּטלער דינע,
ביכעלער,
צונויפגעשטעלט דורך פֿרײַנד,
חברים,
ווײַ איז מיר — דורך טאַטע-מאַמע,
אין וועלכן ווינקל פֿון מײַן ביכערשאַנק
וועט אײַך זײַן גראַמער ?

זין אין ווײַסע העמדלער,
מיט אויסגעלייגטע קעלנער.
יעדער זײַטל — ווייטיק,
יעדע שורה — עלנט.

ערשט אין קורצע הייזלער,
מיט אַ מאָל — אין כאַקי.
מיט אַ מאָל און פּלוצעם
צו אַ טויט דערוואַקסן.

העפּטלער דינע,
ביכעלער,
ווּ זאָל איך אײַך שטעלן,
אויף מײַן גאַס דער אויסקוק
זאָל די זין געפֿעלן ?

אפשר אינעם שאָטנדיקן,
אין דעם שטילסטן ווינקל ?
אפשר נאָך דער לאַנגער שטילקייט
בענקען זיי נאָך ווינטן ?

טיף אין שאַנק, אַז נישט דערגיין זאָל
שלובץ, נישט רוף געהיימער ?
אפשר בײַ דעם ראַנד, לעם פענצטער,
נעענטער צו היימען ?

נעענטער צו היימען,
צו דעם גרויסן ווייטיק,
דאָרט ווו ס'איז געבליבן
איין געלעגער ליידיק.
איין געלעגער ליידיק.

*

דער גערטנער איז שולדיק,
ס׳איז שולדיק דער גערטנער —
מיט ביטערניש בליען אויף הייליקע ערטער
די קרײַטעכצער אַלע, די בלומען, די שענסטע.
שולדיק איז ער, וואָס זיי פלעכטן אין קרענץ זיך
און וואַרטן אויף קברים, אויף נײַע. זיי קומען.
שולדיק איז ער, ווײַל דעם איינציקן ברונעם
האָט ער, דער גערטנער, פאַרגעסן צו היטן.
איז ביטער דאָס וואַסער, די קרענץ זענען ביטער.

דער גערטנער איז שולדיק. ווו איז ער, דער גערטנער
פון ביטערע טרערן אויף הייליקע ערטער?

*

איר האָט מיך געפונען,
איר האָט מיך געפונען
פאַרלאָשענע טרערן,
פּייַן נישט געשטילטע
אין שפּיטאָלענע בעטלער,
שיבעה פון טאַטעס נאָך זין.

איר האָט מיך געפונען
אויף קני מיך צו וואַרפן
פאַר הימלען פאַרמאַכטע
און בעטן, און בעטלען
מיט טרער און חניפה
רחמנות.

איין גאָט איז צו ווייניק.
צו פיל פאַר איין האַרץ.

*

מײַן פידעלע קלײנס,
צעבראָכן
נאָך אײדער אַ װינט
האָט אויף סטרונעלעך גרינע
אַ קלאַנג אויסגעפּורעמט.

צו װעמען פאַרקלאָגן די שעה,
אירע אַלע מינוטן —
זי האָט מײַן לאַמטערנדל קלײנס
אויסגעלאָשן,
פאַרחתמעט דעם װעג.

איך טראָג דיך, מײַן פידעלע,
נאָענט, נאָענט צום האַרצן.
באַלד
װעט פון יענער זײַט באַרג זיך באַװײַזן
מיט טריט אָן אַן עכאָ,
אַ שאָטן אַ װײַסער
און ער װעט, פאַרכּישופטערהייט,
אונדז דערפירן
אַהין,
װוּ צעריסענע סטרונעלעך שפּילן.

לו-לי, און לו-לי —
הערסט, מײַן קינד ?

*

גיס אַרײַן צוריק די טרערן
אין בעכער פֿון אויג —
זיי זענען צו זיס.
מיט טרוקענע אויגן ביז מידבר
גיי אַנטקעגן דער פּײַן,
זי איז דײַנע.
מיט איר וועסטו טיילן דײַן ברויט.
מיט איר.

*

ווּהין לויפסטו,
מײַן איבערגעשראָקענע ?
אַלע וועגן זענען פֿאַרמאַכט.
ווערסט זיך שלאָגן,
מײַן טײַבעלע,
אין ענגער שטײַג פֿון מײַן מוח,
מיט פֿליגל אין בלוט.
ביידע וועלן מיר טראָגן
די אײַזערנע שליסלען
צו טעג און צו נעכט
פֿאַרמאַכטע.

*

נאָך יעדער קינד
גייט נאָך אַ מלאך,
זײַן מלאך, וואָס גיט אויף אים אַכטונג.
ער לייגט אונטער זײַנע פליגל,
דאָס קינד זאָל נישט פאַלן,
לערנט אים צו שמייכלען און צו לאַכן.

געשעט, אַז אַ מלאך פאַרשפּעטיקט.
איז מילא —
צו לאַנגער פרימאָרגן-שפּאַציר איבער פעלדער.
ברענגט ער פעלדבלימלעך מיט,
ווײַס-רויטע און געלע
און דאָס קינד
שטרעקט אַרויס פונעם חלום זײַן הענטל
צו דער בלום, וואָס געפעלט אים.

טרעפט אָבער:
אַ מלאך פאַרבלאָנדזשעט אין ברייטן,
בלײַבט הענגען צווישן הימל און ערד.
אפשר העכער.
צום קינד, צו דעם קליינעם
זײַן שאָטן דערגייט נאָר,
און פאַלט אויף זײַן שמייכל און אויף זײַן געלעבטער.

אַלע מלאכים פאַרגייען זיך דעמאָלט
אין אַן אומעט אַ גרויסן. זיי בעטן אין ציטער
בײַ הימלען, זיי זאָלן די תּפילה פאַרנעמען:
גאָט אַליין זאָל דאָס עופעלע היטן.

*

אַ פֿאַרוויגליד אַזאַ,
וואָס דערציילט
וועגן וועלדער אין מיטן פֿון שטעט,
ווילד-וועלדער געדיכטע, אַז ענג
איז פֿאַר אָטעם און פֿייגל-געזאַנג.

אַ פֿאַרוויגליד אַזאַ,
וואָס דערציילט
וועגן טײַכן אין מיטן פֿון נאַכט —
זיי זידן טאָג-אײַן און טאָג-אויס
מיט בלוט, וואָס אַ כוואַליע יאָגט אָן
אין אויגן פֿון קינד און פֿון קייט.

אַ פֿאַרוויגליד אַזאַ,
וואָס דערציילט
וועגן שווידער אין מיטן פֿון שטעט,
ווען. אַ מעסער אין שדים-געיעג
שנײַדט איבער די העלדזער פֿון גאַס
און פֿאַרהאַקט זענען פֿענצטער און טיר,
קיינער קומט נישט צו הילף דעם געשריי.

אַ פֿאַרוויגליד אַזאַ,
וואָס זינגט אויס
וועגן ווייבלום אין אייביקן בלי
אויף לאָנקעס פֿון שטעט און פֿון טעג,
אַ ווייבלום וואָס ווייסט נישט פֿון האַרבסט,
איר פֿרילינגצײַט לאָזט זיך נישט אויס.

אַ פֿאַרוויגליד אַזאַ.

## אין קרײַז

### א

איך װעל אים זאָגן,
דעם שאָטן:
גײ. גײ אַװעק,
אָדער
קום אַרײַן
אין קרײַז פֿונעם ליכט,
װאָס פֿאַלט פֿון הימל,
בױם און װאָרט.
איך װיל
אין קעניגרײַך פֿון מײַן גאַס,
אין אַלע שעהען פֿון טאָג און נאַכט
אַרומגײן,
צײלן, אָדער נישט צײלן די טריט,
אָן מורא,
אַז באַלד
װעט מיר אַ האַנט באַפֿאַלן
און אױסטאָן פֿון מיר די הױט.

ב

די לעצטע זײַט פֿון בלאַט
איז אַרײַן אין מײַן חלום
מיט מעסער,
רויב
און שאַנד.

פֿאַרציטערט,
לויף איך אַרום צווישן שורות,
זוך צווישן נעמען מײַן נאָמען,
מיט איבערגעשניטענעם האַלדז.

דערנאָך
איז מיר שווער צו שמייכלען.
איך פֿאַרשליס אין מיט-טאָג
די טירן.

נאַריש.
דער דרויסן איז אַלץ,
וואָס איך האָב.

ג

פּאַרציטערט

קוק איך אויס דעם וועג,
וואָס דאַרף זיך אומקערן פון נאַכט
אין טאָג אַרײַן,
ער זאָל נישט מיטברענגען מיט זיך
קיין שטיקער פינצטערניש,
קיין שפּורן פון געשריי און בלוט,
איך זאָל מײַן נישט-באַשיצטן פרילינג
אים פּאַרטרויען.

✶

די גאַס, וווּ איך וווין
הייסט הפקר-גאַס.
מײַן אַדרעס: הפקר-גאַס, נומער צוויי,
נומער צען, נומער אַכט.
הפקר איז מײַן שטוב, אַזוי ווי איך,
אין אַלע שעהען פון טאָג,
און אין אַלע שעהען פון דער נאַכט.

איז זײַ מיר מוחל, דורכגייער,
ווען דו קלאַפּסט אָן אין מײַן טיר
און די שעה איז אַ שפּעטערע שעה.
איך בעט דיך נישט אַרײַן,
פרעג דיך נישט אויס,
פרוּוו דעם שלאָס, און זאָג:
נישט דאָ.

*

אויף פייגל ווייסן פון שלאָפלאָזע נעכט —
אויף זייער שטייגער.
איך הער געגנוי
ווי מײַן שכן אין נעסט
דרייט זיך אויף זײַן געלעגער.

צוויר-צוויר און צוויר-צוויר
אין נאַכט אַרײַן.
אַזאַ וווּנדער.
איך הער אים רעדן צו זיך אַליין,
אפשר ציילט ער, ווי איך, ביז הונדערט...

קאָן זײַן, אַז רו איז אַוועק פון נעסט,
אַז שלאָף איז אַנטרונען,
ווען ס׳האָט אַ שטערן
אַ בליץ געטאָן בייז
מיט קאַצישן בליק, מיט גרינעם.

און אפשר איז ער
צעקריגט מיט זיך —
אָ, דער ביטערסטער פון אַלע קריגן —
איצט שרעקט אים,
בײַ נאַכטיקן, מוטנעם ליכט,
דער שאָטן פון אייגענע פליגל.

## יאָרהונדערטער מײַנער

זיי שיילן דעם הימל. מען האַלט אין איין שיילן:
וואָס זוכן זיי דאָרטן? וואָס זענען זיי אויסן?
אַזוי ווי די ערד צווישן זיך צו פאַרטיילן
די רחבות פון הימל, פאַרביסן און גרויזאַם?

וואָס ברענגען זיי מיט אין געיעג צו מזלות,
די שטאָלצע מלאכים אין שיפן געהיימע?
סע פאַלן אַראָפּ שטיקער הימל, ווי שאָלעכץ, —
באַלד וועלן שטערן נישט האָבן קיין היימען.

פאַרהימלען די ערד, אָדער אָנשטעקן הייכן
מיט ערדישער אָנמאַכט, פאַרבאָרגענעם שווידער?
באַוואָפנטע שיפן מיט מוח און שׂכל,
באַלאָדענע שליחים מיט סודות, מיט סודות.

אַזוי איז זי רײַף שוין געוואָרן, די שינאָה?
אַזוי זענען גיריק די אויגן צו נעמען?
נישטאָ דאָך קיין טאָג אונדזער בלוט זאָל נישט רינען,
אַז ערגעץ זאָל עמעץ אין ווייטיק נישט ברענען.

יאָרהונדעטער מײַנער, מײַן דור פון טעותים,
זאָל איצט שוין פאַרלאָזן די טויב אירע נעסטן
און ברענגען אין שנאָבל אַ פונק פון געוויסן,
נאָך איידער ס'פאַרפלייצט אונדז דער טעות דער גרעסטער.

## מײַנע

אין מיט פון נאַכט —
מאָרד אין מײַן גאָרטן!

צווישן געדיכטעניש פון צווײַג
און שאָטן-געפילדער
ווערט זיך עמעצער,
און פליגל-פּאַטשערײַ רופט הילף.

שאַ. נישט רירן זיך פון אָרט.
איז וואָס, אַז מאָרד?

בײַ שײַן פון ענגער נאַכט
באַקוק איך הענט צוויי.
מײַנע.

*

צעניעריקע,
צוועלפיעריקע,
באַפּאַלן מײַן גאָרטן. פּלינקע, געשיקט.
צעבראָכענע פּלויטן, גראָזוואַרג צעשיט.
איך שטיי און איך קוק. פרעמד ווי אַ גאַסט.
זיי ברעכן-צעברעכן אָן פרייד און אָן האַס —
גלײַכגילטיק, אַזוי ווי די טאַטעס.

✶

מיט וואָס פֿאַר אַ קאָליר
וועסט דו
אַרויסשפּראָצן פֿון ערד ?
וועלכן טעם און גערוך
וועלן האָבן דײַנע פּירות ?
איך האָב מורא —
ביטער זײַן וועט זייער טעם און גערוך,
נישט אין שטאַנד זיי וועלן זײַן
צו זעטיקן דעם הונגער.
דאָרשט,
זיי וועלן ברענגען דאָרשט מיט זיך
צו קוואַלן אַנדערע,
קרישטאָלענעם געוויסער.
איך האָב מורא,
אַז דער קוואַל
וואָס האָט זײַן לויטערקייט נישט מער
ער קאָן, חלילה, ערד און זאַנג פֿאַרסמען.

✶

מיש אויף די נאַכט
אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט,
בײַם שײַן פון די שפּיגלען וואָס זענען נאָך גאַנצע געבליבן;
מיט אויגן, מיט פרומע זאַג איבער דעם פּשט
פונעם בלוטיקן ליגן.
דערנאָך נעם פון אַלטוואַרג די טאָגע אַרויס,
פאַרשטעל זיך שיין פאַר אַ ריכטער,
און גיב דײַן פסק-דין דעם גערעכטן אַרויס
אויפן צוויי מאָל געהרגעטן דיכטער.

## פּחדים

דערשראָקענער
איבערגעשראָקענער פֿרײַנד.
דערשטווינטער
אין אָנבליק פֿון כּוחות, וואָס טשאַטעווען שטרענגע
אויף ברעגן פֿון טעג
און פֿון נעכט,
פֿון מינוטן,
איינזאַם
אַנטקעגן געזעצן,
פֿאַרקאָוועט אין אויסערצײַט,
שטייסטו
אויף גרענעץ פֿון אַלוועלט און אינזיך,
ווען ביידע שרעקן,
שרעקן מיט סוד.

אין צוגווינט פֿון יאָ און פֿון ניין,
וואָס איינצײַטיק,
איינאָרטיק
באַפֿעלן און מאָנען —
באַפֿעלער-באַפֿעלטע איינצײַטיק —
שטווינסטו אין אָנמאַכט.
און ווער וועט דיר זאָגן:
געדאַנק איז דײַן פֿרײַנד אָדער שׂונא?

געדאַנק —
אין אייגענער גוף דאָך אים נישט אונטערטעניק.
אַנדערע כּוחות —
ווער ווייסט זייער מהות —
הערשן אין אים,

און די שטראָפבײַטש פון ווייטיק
הערט נישט קיין תּפילה
און ווייסט נישט פון רחמים
אין שעה ווען זי קומט.

האָט שרעק דיך געטריבן צום לויפן-אַנטלויפן
וואָס ווײַטער פון זיך,
פונעם צופיל און ווייניק,
ביז וואַנען דו ביסט יענע גרענעץ אַריבער,
די גרענעץ פון אַנדערער מאָס.

דערשראָקענער,
איבערגעשראָקענער פרײַנד,
זאָל כאָטש זיך געפינען
אין הייך צי אין נידער
איין טראָפּן רחמנות,
זיי זאָלן, די פּחדים,
דיך נישט דעריאָגן
דאָרט, ווו דו ביסט.

*

און אויב דו גייסט אַריבער
אויף דער צווייטער זײַט פֿון ברוק,
מײַדסט אויס דעם הונט,
וואָס ליגט בײַם ברעג
מיט אַנגסט פֿון לעצטער רגע,
און רעדסט אַרײַן אין זיך,
אַז מילא, שוין, גענוג, —
איז מיינסטו, אַז דער הונט,
ער וועט צו דיר נישט קומען
און נישט פֿרעגן?

איין טרייסט, מײַן פֿרײַנד, איין טרייסט:
דו ווייסט אַזוי פֿיל, ווי ער ווייסט.

## זעלבסטמאָרד פֿון אַ הונט

ער האָט זיך אויפגעהאָנגען אויפֿן פּלויט,
מיקי, דער פֿרייַלעכער הונט.
קיינער האָט נישט געהערט זייַן רופֿן —
ער האָט נישט גערופֿן.
קיינער האָט זייַן ווידוי נישט געהערט —
טויב איז די סאָסנע,
די, וואָס לעם פּלויט.
מיקי, דער פֿרייַלעכער הונט אויף דער קייט.

טרייסטן זייַן חבֿר, דעם יונגן? ער וויינט.

מייַן קינד,
ביַי מענטשן קומט אויך אַזוי פֿאָר...

*

מײַן אויג וווינט אין דעם גרינעם ווינקל,
דאָרטן ווו די ווײַטן הייבן זיך אָן.
דעם וועג אַהין — די טויזנט וועגן,
באַדעקן ראָמאַשקעס און ווילדער מאָן.

דעם ווילדן מאָן האָבן אויסגעטראַכט ווינטן.
און אפשר האָט זיי גאָר מײַן אויג פאַרזייט,
זיי זאָלן ברענען אויפן וועג צום גרינעם ווינקל,
ווען לעצטע שײַן פאַרגייט.

איך וועל אַלץ איינס צו אָט דער גרינקייט טרעפן —
איבער מײַן וויג איז שוין געהאָנגען איר קאָליר.
כ׳גיי דורך אַנאַנד צו איר, אָן אויפהער
בײַ שײַן פון דעם לאַמטערן,
וואָס הענגט אין מיר.

*

אויפֿן וועג צום טאָגפֿאַרגיי
צעמיש נישט די קאָלירן,
נישט די ריחות.
זײַ מילד צו זיי,
זײַ גוט צו זיי —
זיי זענען מער נישט ווי אַ צייכן.

די ריחות לעבן אויך נישט לאַנג,
זיי וועפּן אויס און זיי פֿאַרוויאַנען.
און פֿאַרבן —
פֿאַרב איז ווי אַ קלאַנג:
אָט איז ער דאָ,
אָט — ווײַט פֿון דאַנען.

איז אומעטיק אונדז דאָ און דאָרט,
איז דאָ און דאָרט אַפֿילו ביטער.
נאָר ביידע וויסן מיר דעם סוד:
דײַן אויג האָט דעם קאָליר געביטן.

★

דער באַרג פֿאַלט אַראָפּ צו דעם ים
און פֿאַרהאַלט זיך אין לעצטער מינוט.
כוואַליעס, טונקל ביז שוואַרץ,
יאָגן אַנטקעגן דעם באַרג
ווי צעיושעטע פֿערד,
פֿאַרסלינען מיט פֿינע דעם ברעג.

אַ בליץ שנײַדט אַדורך סײַ דעם ים,
סײַ דעם באַרג,
שאַרפֿט דעם ווינט אָן,
און ער —
מיט געוווי פֿון שאַקאַלן באַפֿאַלט
שטיין און בוים,
רײַסט שטיקער פֿון זיך,
ביז אַ דונער צעשפּאַלט דעם געוווי.

מיט אַ מאָל
רײַסט אַ וואָלקן זיך אָפּ
פֿונעם פֿינצטערן טראַכט
מישט זיך אויס מיטן בליץ, מיטן ווינט,
הייבט דעם ים אויף —
די כוואַליעס ביז גאָר,
גיסט זיך אויס
און אַ שטילקייט קומט אָן.

נאָר דער הימל בלײַבט נאַס
און דער באַרג.

*

דער גרויסער זייגער
האָט אויסגעשלאָגן חצות.
מײַנער — איז געבליבן שטיין.
נישט ווײַל צײַט האָט אים אויסגעפּעלט —
ער איז פּשוט און פּראָסט
פֿאַר אַזאַ פּינצטערניש צו קליין.

אַזאַ פּינצטערניש.
און אַזוי נאָענט צו די אויגן. אַ שרעק
צו בלײַבן מיט איר אין צווייען.

נאָר זיך נישט לערנען
בײַ יענע שוואַרצע טעג
צו שפּאַצירן איבער שוואַרצע אַלעען.

## טריט

פֿאַרלעש די ברענענדיקע פֿאַקלען.
גענוג.
איך וועל דערקומען צום סך-הכּל
בײַ שײַן פֿון אַ פֿונק.

אַלע וועגן באַקאַנטע.
די, וואָס פֿירן אַהין און צוריק.
אויף אַלע וועגן פֿון מײַן וואַנדער
טריט.
איך דערקען זיי, די טריט.

*

איך מיין בלויז דאָס בלי̇ען.
איך מיין בלויז דאָס בלי̇ען.
די פּירות —
ווער דאַרף זיי, די פּירות ?
פון שפּעטערס, פון אַלע —
איין פאַרביקער פרי̇ער.

צו שפּעטערס אַזוי פיל
פאַרשפּעטיקט.

*

נאָר נישט פֿאַרגעסן דעם ריח פֿון קנאָספּ,
ווען מײַנע טריט װעט פֿאַרווייען דער פּראָסט,
צעברעכן דעם לייטער צו ווערסנע.

נאָר אים פֿאַרהיטן, דעם אָפּהילך פֿון ווינט,
וואָס האָט מיך געוועקט און וואָס האָט מיך געוויגט, —
נאָר נישט פֿאַרגעסן.

קאָנען דערטראָגן אַ פֿונק פֿונעם פֿלאַם,
וואָס האָט מיך מיט זונען גענערט און מיט סם, —
ווען ס׳וועלן לאַמטערנס זיך לעשן.

## איך ווייס נישט

זי וויגט זיך, מײַן וויגשטול,
אַהין און צוריק,
אַהין און צוריק —
דאָס וויגט זי דער ווינט
פון דערבײַיִקן סעדל.

איך ווייס נאָך נישט,
אומעטיק זײַן אָדער נישט, —
ער פילט נישט, דער ווינט,
אַז די שטול, זי איז ליידיק...

*

אפשר
מיט פאַרמאַכטע אויגן
וועל איך יאָ דערגיין
צו דעם גרינעם רעגן-בויגן,

וועל איך יאָ דערגיין
צו אַ שײַן, אַ פאַרגעדענקטע
פון אַ ניגון,
פון אַ תּפילה,
שײַן, וואָס איז געפאַלן לענגער
פון איר שאָטן, שאָטן-צווילינג.

מיט פאַרקלעפּטע,
מידע וויִעס,
נישט געאַנט און נישט געדאַכט,
וועל איך אפשר יאָ דערפליִען
צו די גרענעצן פון נאַכט.

## לעצטע ווערטער

ווי אַזוי איַיך פֿאַרהיטן,
אויסגעטראָטענע סטעזשקעס,
ווינטן אין צווײַג
וואָס פֿאַרשטייען מײַן לשון,
כמאַרעס מײַנע,
צעהאָנגען אין ווינט.

ווי אַזוי איַיך באַוואָרענען,
טריט איבער זאַמדן
פֿון צײַט און פֿון מענטש
און פֿון בענקשאַפֿטן ווײַטע,
וואָס זענען מײַן הײַנט
און וואָס זענען מײַן מאָרגן —

צונויפֿרופֿן ווערטער
פֿון ערדן, פֿון אַלע,
לעצטע אויף ליפּן פֿאַרברענטע,
זיי זאָלן
ווי היטער זיך שטעלן
צוקאָפּנס פֿון הימלען,
וואָס נעמען אַרום מײַנע טאָלן?

אַז גאַנץ זאָלן טריט
איבער זאַמדן פֿאַרבלײַבן,
זיי זאָלן אונדז היטן, די ווערטער,
פֿון שלעבטע סימנים,
פֿאַרלאָשענע שטערן,
פֿון זשאַווער אין אונדזערע הערצער.

*

דער צוג
מיט אויסגעלאָשענע ליכטן,
דער צוג
זאָל נישט אַראָפּ
אין דער געדיכטער
פינצטערניש,
אין דער,
וואָס אונטער דעם וויאַדוקט.

שעם זיך נישט.
דאַרפסט זיך נישט שעמען,
נאַר, וואָס דו ביסט.
איך קען אַלע שטערן ביַי די נעמען —
זיי קומען אַליין צו מיַינע פיס.

לאָמיר לויפן די רעדער אַנטקעגן,
צו דעם צוג, מיט פאַרלאָשענעם ליכט,
און שיטן שטערן אויף זיַינע וועגן,
די,
וואָס מיר טראָגן אין זיך.

שעם זיך נישט.
קיינער וועט נישט וויסן
צומאָרגנס, ביַים שיַין פון טאָג,
ווען שטערן סע ליגן צעריסן
אויף די רעלסן,
וואָס פירן צום וויאַדוקט.

## ווי ער

איצט ווייס איך שוין פֿאַר וואָס ער מעסט,
דער שמעטערלינג, זײַן צײַט מיט שעהען.
פֿאַר וואָס ער הויכט די ווײַסקייט אויס
ווי נאָר ס׳הייבט אָן צו גראָען.

ווי ער, ווי ער וואָלט איך געוואָלט
אַרײַנגיין מיט מײַן לעצטן אָטעם
דורך די ליכטיקערע טירן
פֿונעם גרויסן שאָטן.

★

איך וועל אויף דעם באַרג
נישט קלעטערן.
העכער פון בערג זענען בליצן.
איך פיל דעם ריח פון בלעטערפּאַל,
זײַן ביטערן טעם אויף די ליפּן.

צו פוסנס פון באַרג, אַ באַשיצטע
קעגן ווינטן צו הויכע, און חלום,
קוק איך זיך אײַן אין די בליצן,
הער איך זיך אײַן אין די בליצן.

*

בײַ די צוויי איז דער זייגער
געבליבן שטיין.
און אפשר דרייען זיך
זייערע ווײַזערס אַנדערש.
חצות איז מער נישט קיין גרענעץ,
ווּ מען בלײַבט שטיין
און מען גייט זיך פונאַנדער.

די צײַט קאָנסטו מעסטן
אויך מיט די טריט —
געווענדט ביז וואַנען זיי זענען דערגאַנגען.

זיי גייען, און גייען,
לאַנגזאַם און מיד.
זייער וועג — אַ לאַנגער
און נישט קיין לאַנגער.

## זאָל נאָר נישט וויסן

ווער זאָגט, אַז אָט דער וועג דערלאַנגט
צו ביידע ברעגן פון פאַרשטאַנד.
צום ברעג פון יאָ, צום ברעג פון ניין,
און איך, איך בין געבליבן שטיין,
נישט צו פיל וואַך, נישט צו פיל מיד
בײַם גרויען צייכן פון אַ מיט.
קיין שפּאַן אויף רעכטס און נישט אויף לינקס.
זאָל נאָר נישט וויסן מאַן און קינד,
אַז איך האָב נישט געקאָנט דערגיין
נישט צו דעם יאָ, נישט צו דעם ניין,
אַז מיר האָט כּוח קוים געקלעקט
אויף גרויער מיט,
אויף גרויסער שרעק.

✶

ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דער שטילקייט
און פאַרלוירן דעם וועג צוריק.
דער טומל האָט אויף אים געוואַרט
אים מיטצונעמען,
אַזוי ווי ווינטן נעמען מיט
אַן אויסגעטריקנט בלעטל.
שפּעטער
האָט ער געוווסט:
קיין ווידערקער צו שטילקייט איז נישטאָ.
דעמאָלט האָט ער איינגענומען, ווי מע נעמט אַ רפואה איין,
דאָס וואָרט.

## אומעטיקע נעסט

איך האָב געהערט
אַ ווידוי פון אַ פויגל —
אַזוי האָט זיך מיר געהערט:

„גאָט פון צעבראָכענע פליגל
אויף דײַן שיינער ערד,
איך זע קוים איין שטערן פון אויבן,
נאָר פול זענען מײַנע זינד".

אַזוי האָט ער אַרײַנגעזונגען
זײַנע לעצטע זינגעלעך
אין די שטילקייטן אַרײַן פון ווינט.

גאָט פון שטאַרבנדיקע פייגל,
באַווײַז אַ נס,
זאָל דער איינציקער שטערן פון אויבן,
דער איינער,
אַרײַנפאַלן אין דער אומעטיקער נעסט.

★

דער וואַלקן איז מײַנער.
איך האָב צום ערשטן מאָל אים באַגעגנט
אין אַ פּאַרפּסחדיקער ריטשקע,
ווו מײַנע זעקס יאָר האָבן שיפֿן געשיפּט —
ער האָט זיך געשפּיגלט אין דעם קאַלעמוטנעם שפּיגל.

די ריטשקע איז טרוקען פֿון לאַנג.
די שיפֿן —
ווער ווייסט וועלכע ימען זיי שפּאַלטן.
נאָר דער וואַלקן האָט פֿון יענעם טאָג אָן
מיך מער נישט געלאָזט אַליין.

ער פֿלעגט זיך באַווײַזן אַנטקעגן אונדזערע פֿענצטער,
ווינקען צו מיר, אין הויף אַרײַן מאַניען.
צווישן אַלע וואַלקנס איז ער געווען דער קלענסטער,
נאָר איך האָב די ווונקען, זײַן לשון, פֿאַרשטאַנען.

יאָ, ער איז דעמאָלט געווען נאָך אַ קליינער.
זײַנע ברעגן אַרומגעזיימט מיט גאָלד און מיט ראָז.
געקאָנט, ווי איך צעלײַכטן זיך, צעוויינען,
פּלוצעם, אָן אַ פֿאַרוואָס.

מיר האָבן זיך געשפּילט אין קאָלירן און קלאַנגען.
אפשר האָט ער אַפֿילו נישט געוווּסט וואָס עס מיינט אַ קלאַנג.
און פֿירן פֿלעגט ער מײַנע אויגן
פֿון איין עק הימל צו דעם אַנדערן
ביז סע האָט מיר פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם
פֿונעם וואַלקנדיקן גאַנג.

מיר זענען געוואַקסן אין איינעם און אַנדערש.
דערנאָך איז מער נישט געווען קיין שפּיל.
נאָר ער איז מיר נאָכגעגאַן פוס-טריט אין מײַן וואַנדער,
דערנאָך איז געווען צו פיל וואָלקן. צו פיל.

איצט הענגט ער איבער מיר.
הויך הענגט ער אַצינדער.
ענלעך צו אַ שיף. דיר דאַכט זיך, אַז ער שווימט.
כאַפּ איך זיך אויף מיט שרעק,
ער זאָל מיר נישט פאַרשווינדן —
ליידיק וועט בלײַבן דאָס אָרט נאָך אים.

## מודה אני

אין פרימאָרגנדיקער שעה
זענען מיר שענער.
די בייזע הינט פון מערק און בירזשעס
האָבן אונדז נאָך נישט דעריאָגט —
רעשטלער חלום פארטרייבן זיי.

דאָס איז די שעה,
די בעסטע שעה
אָפּצושטעלן סתּם אַ פרעמדן,
פרעגן אויף אַ גאַס,
וואָס איז דערווייל נאָך נישט פאַראַנען,
און אַראָפּטרינקען פון ליפּן
אָפּגעראַטעוועטן שמייכל.

דאָס איז די שעה פון גוטן אויג,
וואָס שענערט אויס, פאַרגלעט אַ פּגם
מיט מילדקייט און רחמנותדיק.
קאָנסט טרעפן אין אַזאַ מין שעה:
אַ פישער וואַרפט צוריק זײַן פאַנג
אויף וואַסערן, אין ים אַרײַן...

אין דער פרימאָרגנדיקער שעה
זוך איך אים, מײַן חלק גאָט,
מיט מודה אני מײַנעם.

*

ווי אַזוי
וועל איך קוקן אויף דער וועלט
דורכן אויסגעהאַקטן אויג
פון אַלטן מוחמד ?
שקיעות קומען מיר אַנטקעגן —
וואָס נאָך קאָן אין מיר פאַרגיין ?

אָ, נאָר נישט די וויזיע
פון לויכטנדיקן שפּיצבאַרג,
וואָס שטרעקט זיך אויס צום טאָל,
צופוסנס.

*

אַ שטעכלקע,
ביַי זײַט פון וועג,
מיט נאָדלען אָנגעשאַרפטע, דינע —
איך האָב געזען אויף איר אַ טראָפּן טוי
גלאַנצן ווי אַ דימענט.
איך האָב געזען,
ווי איבער אירע נאָדלען־שפּיצן
עפנט זיך אַ וואָלקן,
וויקלען אויף זיך בליצן.
אין אַ שפּעטן מאָרגן, שעה פון איידער־שקיעה,
וועט זי וויסן אויף דאָס נײַ
ווי אַזוי צו בליִען
אויף די קאַרגע זאַמדן, אינעם לאַנגן דרימל,
ווו זי טראָגט איר עלנט
אונטער גרויסע הימלען.

*

נאָך פֿאַראַנען ווייַנגערטנער
און זייַטיקע, גרינע וועגן.
און אַזעלכע שטילקייטן
וואָס ווייסן
נישט צו פרעגן.

וועלן טרויבן צייַטיקן
אַזוי ווי ס׳איז באַשערט זיי.

און די שטילקייט
און די שטילקייט
זוכט די פּוסטריט פונעם גערטנער.

✱

ווי אויסגעשטרעקטע הענט פון בלינדע
אין חושך,
אַזוי האָבן מיר געבלאָנדזשעט, פאַרבלענדט
פון דער גרויסער שײַן,
פון דער פּלוצעמדיקער און גרויסער,
מיט געשטרויכלט געוואָרענע הענט.

*

נאָך דאָ אַן אָרט פֿאַר דיר,
מײַן דיכטער.
נאָך דאָ אַן אָרט.
אַ נישט געדאַכטער, אומגעריכטער,
ווען קומסט צו גיין
מיט שטילן וואָרט
און פֿירסט אַרויס פֿון געסלעך ענגע,
פֿון אונטער הימלען בײַ דער ערד,
אַ חלום,
וואָס איז געבליבן הענגען
צווישן טאָגפֿאַרגאַנג
און טרער.
דו פֿירסט,
דו פֿירסט אַרויס צו ליכט אים —
דורך חושך יעדער טראָט,
דורך פּײַן.
און זאָגסט אים אָן דײַן בשורה, דיכטער,
און וועקסט אים אויף אין טאָג אַרײַן,
און וועקסט אים אויף
אים צו פֿאַרטרויען
דײַן סוד,
וואָס האָסט מיט בלוט גענערט:
אַז פֿון די הימלען, פֿון די בלויע,
טיילט אָפּ אַ בליק,
אַ בליק, נישט מער.

## צו דאָראַ בלאָך

נאָר כּוחות פֿונעם תּהום
האָבן אַזאַ טויט באַשאַפֿן,
אַזאַ ערבֿ-טויט,
אַזעלכע לעצטע מינוטן.

ווער וועט מיר זאָגן, אויב דײַן גאָט
איז צו דער צײַט געקומען,
מיטן גנאָד פֿון סוף, פֿון גיכן ?

נישטאָ פֿאַר מיר קיין אַנדער טרייסט,
שוועסטער מײַנע.

## נפתלי־הערץ קאָן

שלאָפלאָזע פּײַן,
פרײדלאָזע טעג
האָבן געטשאַטעוועט קלוג אויף דער רגע.
די שטומפּיקע זעג
האָט געדולדיק געזעגט.
נישט געווען ווער סע זאָל פרעגן.

יאָרן אין אײַזן און אײַז,
אין אַ נעץ פון פאַרגליווערטע שאָטנס
האָסטו באַוויזן דעם וווּנדער פון זײַן. —
דאָ האָט פאַרפעלט דיר אָטעם.

דיכטער פון הויכן געלעכטער־געזאַנג,
קראַנק פון נישט קאָנען פאַרגעסן.

ווּ איז געווען מײַן וואָרט און מײַן האַנט
דײַן שלאָפלאָזן ווייטיק צו לעשן?

## קליינגליק

אַזאַ נס,
ברויט און זאַלץ אויפן טיש,
אַ ווינקל באַוואָרנט פון קעלט און פון רעגן,
לופט פאַר די לונגען וויפל דו ווילסט,
און דער נס פון אַ ציכטיק געלעגער.

און דער נס פון אַ בריוו,
וואָס דערגייט צו מײַן טיר
דורך בריקן פאַרוואָרפענע איבער תּהומען,
און דער נס פון אַ שכנה, וואָס ווינט איבער מיר
און רופט מיך אויף ייִדיש בײַם נאָמען.

זאָל נאָר מיר נישט ווערן, חלילה, פאַרשטערט
מײַן שטילער,
בײַשוועליקער יום-טוב.
פאַר עמעצן קליינגליק,
פאַר מיר — גאָרע וועלט,
אויסגעחלומטע, אויסגעטרוימטע.

## פרימאָרגן

פאָרט געזונט, זאָג איך
צו דעם שנירל וואַגאָנען,
וואָס שנײַדט אַדורך דעם פרימאָרגן —
ראָזעוון טונעל.
פאָרט געזונט, זאָג איך,
און איך וויל זיך נישט דערמאָנען,
ווי האָב איך געזען אַזאַ פרימאָרגן
און ווען.

זײַ געזונט, זאָג איך
צו דער סטעזשקע ווײַס-שמאָלער,
וואָס לויפט אַראָפּ פון העט-ווײַט,
און פאַרקערעוועט אויף רעכטס.
זײַ געזונט, זאָג איך,
און גיב אַכטונג אויף די טאָלן —
זאָל גאָט אײַך אָפּהיטן פון שלעכטס.

פלי געזונט, זאָג איך
צו דעם זינגענדיקן פליִער.
פלי געזונט,
און זע צו האָסטיק נישט לאַנדן אין געצווײַג.
די ביימער שטייען אין סאָמע מיט פון בליִען,
זאָל צוויט נישט פאַלן פאַר דער צײַט...

זײַ געזונט, מײַן פרימאָרגן,
איין-און-איינציקער, איינער.
פרימאָרגן פון באַפרײַטן געשריי.

איך בין צעבענקט
מיט אַ בענקען אַ גוטן ביז וויינען,
אַ בענקען, וואָס טוט נישט וויי.

*

דאָ איז העכער די ערד פונעם הימל.
שיק איך צו איר מײַנע תּפילות און דאַנק.
אַ דאַנק פֿאַר די ניסים
און פֿאַר די נפלאות
און פֿאַר מײַנע טריט אינעם גלײַכן זאַמד.

פֿאַר מײַנע טריט,
אין וואַנדער געניטע —
פֿאַרשעמטע, געשמיסענע טריט.
זי האָט זיי צעוועסנעט, די ערד, און צעצוויטעט,
נאָך איידער אַ וואָרצל האָט זיי פֿאַרקניפּט.

גייען די וווּנדערס פֿאַרביי מײַנע אויגן
טאָג-טעגלעך,
און זענען געוואָרן
אויס וווּנדער און נס.
נאָר זי, די ערד, זי קריצט אײַן אין זכרון
דאָס, וואָס דער הימל פֿאַרגעסט.

הערסט, ווי זי אָטעמט, די ערד?
זי זאָגט שירה.
זעסט נישט די שײַן, וואָס גייט אויף פֿון איר שויס
און באַלײַכט אַלע וועגן,
אַלע וועגן, וואָס פֿירן
דורך פּײַן און דורך גבֿורה
צו שוועל פֿון מײַן הויז?

צו שוועל פֿון מײַן היים —
ווערטער פּשוטע, פּראָסטע.

דעם טײַטש פֿון די װערטער װעט דער נאָר פֿאַרשטײן,
װער ס'האָט געשלעפּט
אַ פֿאַרבלוטיקטער, אײנזאַם,
פֿון װינקל צו װינקל זײַן הײמלאָז געבײן.

דאָ איז העכער די ערד פֿונעם הימל.

✶

אַ בושה צו גיין איבער גאַסן
אין פריִער שעה פון סתּם אַ חול־המועד
מיט אַ בלום אין האַנט, וואָס דו האָסט,
כאָטש סע פּאַסט נישט,
אָפּגעריסן פון עמעצנס אַ פּלויט.

אײַל איך מײַן טריט.
באַלד וועל איך זיך געפינען
אין די פּאַרכּישופטע סעדער פון מײַנע פיר ווענט.
דאָרטן איז אַ בושה נישט צו בלימלען און נישט צו גרינען,
דאָרטן באַפּוצט מען די וועלט.

נאָר אין די פרײַטיקן, ווען לקראת שבת המלכּה,
טראָגן מענטשן אין די היימען
בינטלעך צוויט,
עפן איך די טויערן פון די סעדער אין מײַן אַלקער,
און אַ בלום פאַר יעדן איינעם ווינטש איך מיט.

*

אין חלום איז אַנדערש, ווי אויף דער וואָר.
פון חלום קאָנסטו אַנטלויפן. אין שלאָף אַרײַן.
תּמיד ?
אַ פויגל פון נעסט,
אַזוי פליט ער, דער חלום אַרויס, ווען קאַיאָר
עפּענען לאָדן זיך אויף צו דעם אומעט.

אַ מאָל קומט דער חלום צוריק צו דײַן שלאָף.
הערסט קיין סקריפּ נישט. ער נוּרעט זיך אײַן,
און וועבט אין זײַן שפּינוועבס
אַ סטראָף צו אַ סטראָף.
איז וואָס, אַז דערנאָך מעקט גיכהאַנטיק אים אויס
אַ פּאַרטאָגיקע שײַן ?

איך גלייב אין חלומות. איך ווייס, אַז אַ מאָל
וועט שטיין אויף אַ הויכבאַרג
אַ שטאָט פון חלומות-קאָלירן.
אַהין וועלן קומען די מענטשן פון טאָל,
פון דאָרט וועלן וועגן אין טאָל אַרײַן פירן.

## אַן אָוונט און נאָך איינער

א

אַ בלאָער
לייגט ער זיך אויפֿן שטערן
מיט בענטשנדיקע הענט,
קאַפּעט טראָפּנוויַיז אָוונט אַריַין אין די אויגן,
ברענגט מילדע ריחות פֿון דרעמלדיקן פֿעלד
און אויסגעטראַכטן אומעט.
באַלד וועט די שפּעטאָוונטיקע שטילקייט קומען.
דערוויַיל פֿאַרגייט אַ גריל זיך ערגעץ
אין איר גרילן.
די לופֿט איז סאַמעט-ווייך.
איז אויב דו ווילסט, זאָג אָפּ פֿאַר מיר
די מעריב-תּפֿילה.

ב

אַ גראָער
פֿאַלט ער פּלוצעם צו,
פּונקט עמעצער וואַלט הינטער אים
אויף גיך פֿאַרהאַקט אַ טויער.
ווי וועש צעהענגט ער שטיקער פֿיַיכטן טרויער
אין ווינקלען, אומעטום.
סודות פֿאָרען זיך ווי מערעשקעס אַרום,
די שאָטנס — לאַנגע, אויסגעצויגענע. בייזוווּנדער.

און אפֿשר איז אַזאַ מין אָוונט בלויז פֿאַר מיר
געוואָרן צוגעטראַכט, פֿאַר מיר באַזונדער?

*

איך פריי זיך מיט אײַך,
בײַוועגיקע גרינעלער,
קוים-קוים קאָליריקע,
מיט שטויבווינט פאַרווייט.
איך קען אײַך פון אַנדער ערד,
ווּ איך פלעג געפינען אײַך
וואַקסן בײַוועגיקע,
גרין, שטילערהייט.

איז ערד אומעטומעדיק,
ווי פרייד און ווי ווייטיק?
איין לשון פאַר ברידער-געוויקסן באַשערט.
זיי שוויַיגן זיך איבער,
איינס מיטן צווייטן,
נאָענטע צום שטויב פון דער ערד.

*

פון זאַטן וואָרט אַנטלויפט דער ניגון.
קאָנסט אים טרעפן דאָ און דאָרט,
האַלב צעזונגען, האַלב צעשוויגן,
וואַרטן אויף אַ דאָרשטיק וואָרט.

פון זאַטן וואָרט אַנטלויפן פאַרבן,
קוקן אויס פון הויכער צווײַג
אויף אַ וואָרט, וואָס זאָל זיי דאַרפן,
אויף אַ וואָרט אַזאַ, וואָס שווײַגט.

בלויז די זאַטע ווערטער קאָנען,
בײַ אַ נידעריקן ליכט,
אָן קאָלירן און אָן טענער
לעבן זייער דריבנעם איך.

*

אין מיַין קליינעם, פּיצל סעדל
האָבן זיך צעשריגן פייגל.
האָבן פייגל זיך צעשריגן
מיט די שנאָבעלעך, מיט פליגל,
מיט אַ שפּרינגעניש אויף צווײַגלעך —
פייגל מענער, קינדער, ווײַבער,
און געשריגן, און געקריגט זיך,
ביז די זון האָט אויסגעפּיקט זיך
און אַ ווונק געטאָן צו פייגל:
שטיל זאָל זײַן אין קליינעם סעדל.

*

דאָס שטיקל כמאַרע איבער מיר
זאָל בלײַבן מײַנס,
דעם שטערן אײַנצוהילן,
איז נישט גענוג —
פאַר וואָס איז נישט גענוג?
אַ תּפילה.

געבעט פון אויסגעקרימטע הענט,
וואָס האָבן פלאַם געצוימט מיט פינגער,
געפּײַניקטע, ביז טויט פאַרשעמט, —
איצט לערנען זיי אויף ס'נײַ צו זינגען.

דאָס שטיקל כמאַרע איבער מיר,
זאָל מער נישט בײַטן דעם קאָליר,
וואָס פאַלט אויף מײַנע אויגן שטראַליק,
איז נישט גענוג
(פאַר וואָס איז נישט גענוג?)
מײַן בלוט, וואָס האָט גענערט
אַזוי פיל קוואַלן.

*

איך מאַך זיך נישט ווינסדיק
און פריי זיך,
און לאַך זיך
מיט שטראַל און מיט ווינט
און מיט גראָז
און מיט גאָרנישט.
איך מאַך זיך נישט הערנדיק
צו עצות בייזאויגיקע,
נישט צו דעם פרומען מע טאָר נישט.

איך מאַך זיך נישט זעעוודיק,
ווען ס'קומען אָן פחדים
און ווײַזן אויף מיר מיטן פינגער.
נאָר פליַיסיקער הער איך זיך אײַן אינעם ניגון
פון ווינטן אין פייגלישן זינגען.

און קומט ער צו חלום,
פון קרענץ דער שליח
און טוט מיך דערמאָנען מיט צייכנס,
פאַרמאַך איך דעם חלום
און עפן די לאָדן
און ליַי בײַם פרימאָרגן אַ שמייכל.

## ווידערשייַן

איך קלאַמער זיך אין דיר,
ווי אין אַן עמוד.
מילד זענען דייַנע ווינטן
און שאַרף ווי אַ חלף.
איך גיי זיי אַנטקעגן דורך ליכט
און דורך אומעט
פון צעבראָכן-געוואָרענע שטראַלן.

איך טראָג נאָך אין אויגן
פאַרסמטע זכרונות.
איך טראָג נאָך קאָלירן פון אַש אויפן שטערן.
באַשווער מיך, באַשווער,
און פאַרכּישוף די טרערן,
זיי זאָלן, באַפרייַטע, אויף ערד דייַנער פאַלן.

אויף ערד דייַנער פאַלן
און אויפגיין מיט גרינצווייַג,
מיט חלום,
מיט ליד, וואָס וועט גיין צווישן מענטשן.
באַשווער זיי,
פאַרכּישוף די טרערן און בענטש זיי,
זיי זאָלן מיט ווידערשייַן אויפגיין.

*

בלוי אין די אויגן,
גרין אין די אויגן,
ענדיקט זיך הימל, הייבט זיך אָן ערד.
ערגעץ פֿון אונטן,
ערגעץ פֿון אויבן,
ערגעץ אומעטום
ריזלט און קוועלט,
גייט אויף און גייט אָפּ,
פּונקט אַ כוואַליע אין גרויסווינט,
פּונקט אַ פֿויגל זאָל טוקן זיך
ברייטפֿליגלדיק אין שיַין,
אַ פֿרייד, אַזאַ פֿרייד,
אַן אָנזאָג פֿון ווערן, —
באַפֿעל צו ווערן און זיַין.

יעדער גרעזל גיט זיך אונטער,
באַשעפֿעניש יעדער
שטרענגט אָן אַלע זאַפֿטן
צום וווּנדער-פּאַרזיי.
נאָר קיינער דערציילט נישט
ווי שווער ס'איז דאָס וואַקסן,
קיינער זאָגט נישט אויס,
אַז די פֿרייד, טוט וויי.

*

שפּינוועבס
וועבט מיך אײַן
אַלץ ענגער און געדיכט.
באַלד וועט איר נעץ דערגיין
ביז צו דעם שוואַרצאַפּל
און שיטן אין די אויגן זאַמדיק ליכט —
אַדורכגעזיפּטע שײַן
דורך שפּינוועב-זיפּן.

איך בין געניט אין דעם.
דאָס זײַדענע געוועב,
די פּעדעמלער, אומשולדיק דינע,
אָט וועלן זיי זיך אײַנשנײַדן אין לײַב
און אויסמעקן מײַן קול
מיט פרומער שׂינאה.

*

אויסגעליידיקטע לאַמטערנס
און אַ נאַכט אין מיטן ווערן,
אַזאַ שטילקייט — קענסט דערהערן,
ווי געשריי רוקט אָן זיך. באַלד,
מיט אַ מאָל, וועט ער אַ פאַל טאָן,
ווי אַ פויגל אַ געטראָפענער
פּלאַטשיק אויף אַספאַלט.

אָ, די נאַכט, ווער קאָן איר העלפן?
אין די שטיבער זי פאַרבעטן,
אָנצינדן די גרויסע לאָמפּן,
אָנצינדן די שעה, די שפּעטע,

ביז אַ פאַסמע ליכט וועט פאַלן
און איר פאַרפונק דערטראָגן
צו די ליידיקע לאַמטערנס,
נאָך דער נאַכט זאָל קאָנען טאָגן.

*

אַ ווינט שטויסט זיך אָן אין אַ ווינטל,
וואָס שטעלט זײַנע ערשטע טריט,
פֿאַלט אַראָפּ אויף אַ צווײַג,
וואָס גרינט קוים
מיט ערשטע שפּרענקעלעך צוויט.

ער טרייסלט אַראָפּ זיי, ווי שנייעלעך.
נאָך איידער זיי ווייסן פֿאַר וואָס,
לויפֿן די ווינטן אין צווייען שוין
ווײַט פֿונעם בוים,
איבער גראָז.

פֿון דאָרט — אַראָפּ צו די זאַמדן —
נאָך וואָס און נאָך ווען, ווער ווייסט.
זיי פּאָכען איינער אויפֿן אַנדערן —
די זון שטייט הויך און הייס.

נאָר אין אָוונטצײַט,
ווען איך האָב זיי באַגעגנט
בײַם וואַסער, נישט ווײַט פֿון דער בריק,
האָב שוין פֿאַרשפּאָרט צו פֿרעגן:
דיביידע — אויף טויט צעקריגט...

✶

זאָלן שטערן איבער אונדזערע קעפּ
וואַקסן גרויסע.
גרעסערע ווי אומעטום:
דער תּהום איז טיף
און נאַכט
איז ביז צום האַלדז דערגאַנגען.

אומזיסט דאָס שפּיגלען זיך
אין גאָלדענע שפּיגלען —
נישט אונדזערס איז דאָס צירונג.
פֿאַלש דער גלאַנץ
און וואַרעמט נישט.
פֿון באַזילבערטן גלאָז גייען אַרויס
פֿאַרמעקטע פּנימער. —
וווּהין וועלן אַזעלכע דערגיין,
צו וואָס פֿאַר אַ קוואַלן?

פֿרי נאָך צו זינדיקן.
דער מזבח איז נאָך נישט אויפֿגעשטעלט.

זאָלן שטערן איבער אונדזערע קעפּ
וואַקסן גרויסע.

## הימלערד

אַזאַ פריאָוונט — נישט געווען נאָך.
זאָגסט אַז יאָ, אַזאַ איז שוין געווען אַ מאָל.
פון הימל וואַקסט אַראָפּ אַ וואַלד מיט ביימער,
און ער, דער הימל —
אַן אויסגעגרינטער, ברייטער טאָל.

זאָגסט: דאָס שפּיגלען אָפּ זיך
ברעגן אין געוויסער,
און דער הימל איז נישט מער, ווי זייער דנאָ.
אין דעם אָוונט, זאָגסטו, ווי אין אַנדערע,
געשעען נישט קיין נסים.
און אפשר יאָ?

פון וואַנען האָב איך זיי געבראַכט אַהער, די שטראָמען,
פון וועלכן ווײַטן חלום
האָב איך זיי געבראַכט אַהער,
צו דעם פריאָוונט אָן אַ נאָמען,
צו דער פּאַרכּישופטער און וווּנדער הימלערד?

## היים

דו ביסט מיר איין-און-איינציקער געוואָרן
מיט נאָך איין הימל בײַ דער ערד,
מיט נאָך אַ פרייד וואָס איז געוואָרן
שווערער פון אַ טרער.

איך בענק צו דיר.
מיט אַלע בענקשאַפטן און פּחדים
פון לעצטע רגעס,
פון געשריי אָן ווידערקול.
איך הער אין לאַנגע נעכט דעם אָטעם
פון די,
וואָס גייען אויף צו דיר פון טאָל.

ביסט מיר אַ זאָרג
און ביסט פאַר מיר אַ בשׂורה
אין צײַטיק-ווערנדיקע שעהען פון פאַרגיין.
און פאַר די וועגן,
וועלכע האָבן מיך געפירט
און נישט געקאָנט דערפירן,
וועל אָפּגעבן אַ דין נאָר זיך אַליין.

✶

וואָס איז געזאָגט געוואָרן
אין יענער נאַכט,
ליכטיקערע פון טאָג,
צוליב די לאַנגע בליצן
פון עק ביז עק?

ווער האָט געהערט
אין דעם געפעכט
פון כּוחות היגע און נישט היגע,
אין אַמפּערניש פון ערד און הימל,
דינע פּאַטשעריַי פון פליגל,
שטילקייט, דינערע פון דין?

לויטן צאַפּל פון דײַן האַרץ,
וואָס גייט דיר אויס,
גייט אויס נאָך קדושה,
לויטן רעווען פונעם גאָלד-באָק,
קאָנסטו וויסן:
אין דער נאַכט פון לאַנגע בליצן
האָט אַ סימן זיך באַוויזן.

איך באַשווער איַך, מײַנע אויגן,
טאָמער זוכט איר אין די שטויבן
שטיקער הימל, אָפּגעריסן.

*

אַ רגע אַזאַ,
מיט שטילקייטן אַלע,
וואָס הילכן אָפּ אין די שלייפן,
אַזאַ,
אַ צעבליצטע מיט שאַרף פון אַ חלף, —
ווען זי שלאָגט אויס
אויפן זייגער פון דפק,
קאָנסטו פלוצעם דערזען זיך,
ווי אין טויזנטער שפּיגלען,
פון נאַקעטקייט אויסגעטאָן, ביז צו אַן אמת.
פון אויסער-זכרון, מיט פּחדים פאַרזיגלט,
קומט ער צו גיין אונטער אַנדערע נעמען.

אַ רגע אַזאַ,
זעסט צו פיל אין דער רגע,
צו פיל פאַרן אָפּענעם אויג און פאַרמאַכטן.
נאָר איידער באַוויַזסט נאָך צו ענטפערן-פרעגן,
קלאַפּט עמעצער אָן. קומט אַריַין און צעלאַכט זיך.

✶

גלייבסט מיר נישט. גלייב מיר.
איך זאָג נישט קיין ליגן.
פון צענדליקער שטעט
איז איין גאַס מיר געבליבן.

פון צענדליקער שטעט,
און פון צענדליקער טרוימען,
איין גאַס בלויז, אַ שמאָלע,
אָט די, וווּ מיר וווינען.

און גלייב מיר,
ווען ענג ווערט
פאַר פרייד, אָדער ווייטיק,
צעפּראַל איך די טיר,
און מײַן געסל ווערט ברייטער.

און אויב איך דאַרף מערער,
צערײַס איך די אויגן
און שטוקעווע צו
נאָך אַ שטיקל פון אויבן.

און אויב איך דאַרף מערער
דאָס האַרץ מײַנס צערײַס איך,
און ס׳מישן זיך אויס
מיט מײַן גאַס טויזנט גאַסן.

גלייבסט מיר נישט. מילא.
איך האָב נישט קיין טענות.
געזאָגט שוין אַ מאָל אויף אַ גאַס:
זי איז מײַנע.

## אָוונט

געשריי
האָט זיך אָפּגעהאַקט,
פאַרגאַנגען.
האָבן שטילקייטן צעוויגט זיך
מיט אַ וויגעניש פון זאַנגען,
ווען אַ ווינט שטויסט אָן זיך אין צווייטן
נישט אומיסטן,
און צעבוואַליעוועט דאָס גאָלדוואַרג,
און צעמישט עס.

באַלד,
אָט באַלד
וועט ווערן שפּעטער.
שטילקייט רינט אַראָפּ פון בלעטער
און צעהענגט דין-גראָען רויך.
נאָר די פייגל אין די נעסטן
זינגען אויס דעם אָוונט הויך.

לאָמיר גיין.
מילד די וועגן
אין דער גרויקייט איַינגעהילט.

גוט, וואָס ווערטער קאָנען רעדן,
וואָס די שטילקייט איז נישט שטיל.

## אין דער זאַמלונג:

### אין זכות פֿונעם גרעזל



### מיט הענט אויסגעשטרעקטע



### אין קרײַז



### אויפֿן וועג

## קליינגליק



---

# ביכער

## לידער פון דער זעלבער מחברין:

**מיין גאַס איז אין פענער, לידער**

פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע 1953

**ווייטיק און פרייד, לידער**

פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע 1955

**טריט אין דער נאַכט, לידער**

פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע 1957

**פון מענטש צו מענטש, לידער**

פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב 1964